


ר. גראַנאָווסקי

צייכנונג: ר. לאַנדסמאַן

# בײַ די קוואַלן

## בילדער פון סאַראַטאָגא ספרינגס

אין פערזן

(צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „שאַ, שאַ, דער רבי גייט”)

פון

ר. גראַנאָווסקי





פאַרלאַג „הומאָר”

ניו יאָרק, 1930

# אינהאַלט פון די קאַפּיטלאַך

# ביי די קוואַלן

1

סאַראַטאָגאַ איז אַ שטאָט,
וואו מען קומט אויף גאָט'ס באַראָט —
מ'שטייט אין „ליין" פון אין דער פרי
ביים קוואַל פון נומער „טרי",
טרינקט מען אוים בלויז גלעזער צוויי,
הערט מען תיכף אַ געשריי:
אוי, אוי, אוי! איי, איי, איי! —
עס בייגן זיך די קני...
לויפט מען שנעל, מען זוכט איין אָרט;
שטיל, פאַרשעמט און אָן אַ וואָרט;
ס'לשון נעמט באַ יעדן אָפּ —
מען ווערט אַזש געל און ברוין.
קומט מען צו שוין צום האָטעל
הערט מען דאָרטן באַ דער שוועל:
אוי, אוי, אוי — איי, איי —
שוין, שוין, שוין, שוין, שוין...

2

נאָך דעם „לויפען" עסט מען דאָרט
און מען רעדט ניט אוים קיין וואָרט —
עולם רוט זיך אָפּ גאַנץ פיין
פון דעם „נומער טרי", פון ליין.
ברעקפעסט עסט מען מיט געשמאַק;
יעדער שטאָפּט ווי אין אַ זאַק —
עס קאָסט דאָך געלט, וויל מען זיך
אינ'ם עסן נוקם זיין.

נאָך דעם עסן, ס'איז זיי וואויל —
עפּעס בורטשעט, אוי אַ גרויל...
שרייט מען ווידער אוי, אוי, אוי
פּונקט אַזוי ווי פריער;
ס'שפּאַרן אויגן ווילד אַרויס
און מען פילט זיך עפּיס לויז...
אוי, אוי, אוי! איי ,איי, איי! —
אַ „ליין" איז בײַ דער טיר...

3

און נאָך דעם — נאָך ניט גערוט, —
טייער איז דאָרט אַ מינוט:
„גייזער" טרינקט מען צוליב געז,
„קאַאיזע" וואַסער היילט...
און נאָך דעם, נאָך אַלץ ניט פריי,
פאָרט מען ערשט אין באָד אויפסניי,
באָסעם קומען איבעראַל —
און קיין איינער פעלט.
אין „יוריקאַ" פּאַרק, אין באַד,
וואַרט מען אויך אויף גאָטס גענאָד —
שוועבל-בלאָטע, מינעראַל,
איז דאָס ערשטע וואָרט.
מיט דער וואַסער אין די הענט
לויפט מען ווי עס וואָלט געברענט.
ווי אַ פערדל אויפן „טרעק"
יאָגט מען אַזוי דאָרט...

4

װען די זון דערװאַרעמט שטאַרק
גײט מען זיך אין „ביוטי פּאַרק“.
„ביוטי“ פּאַרק פאַרמאָגט אַ קװאַל,
װאָס מאַכט יעדן שײן;
שטופּן פאָרלאַך זיך צום קראַן —
שפּעטער מאַכט מען װײטע שפּאַן —
ס'טריקענען זיך אויף דער זון
באָבעס שװין, אָן צײן...
מענער מיט לבנה קעפּ,
שפּילן זיך מיט פרויען צעפּ.
מײדלאַך װאַשן די שפּיץ נעז
און גלעטן אויס די הויט...
ביז מען קומט צו צום האָטעל
שװינדט די שײנקײט אויף דער שטעל
פאַרבט מען זיך מיט „פּודער פּאָפּס“
נאָך אַ מאָל אויף רויט...

5

גײט מען צו אין „קאָנגרעס פּאַרק“
איז דאָרט אַ יריד, אַ מאַרק;
ס'פּילט „גאַליציע“ זיך דאָרט שטאַרק —
קריגט מען זיך אַרום.
אין אַ שײטל, װי פאַרשטעלט,
שטראָפט אַ פרוי מיט יענער װעלט
און מיט גהנום װאו מען שמײסט
דעם װאָס איז ניט פרום;

פאנגט זיך דאמאלט אן א קריג:
ס'שרייט גאליציע: „באלשעוויק“,
אונגארן נעמט אויך אנטייל
אין דער גרויסער שלאכט.
מישט זיך „ליטע“ אויך אריין.
שטראפט „פראנץ יאזעפס“ אונטערטאן
און דער עולם דארט ארום,
קאטשעט זיך — און לאכט.

6

אין דעם פארק שוין אומשפאצירט,
אלע וואסערן פרובירט.
„לינקאלן“־וואסער האט דארט פיל
אנדערע באזיגט.
יעדער שטופט די הענט אויף פריהער,
יעדער איז פאר זיך — נאר מיר!
די פארטייען האבן זיך
אויך גאנץ פיין געקריגט.
משה, מעכעל, דזשייק און מייק,
אלע זיינען פארן סטרייק;
פאר די ארבעטער פון קלאוקס
האבן זיי גערעדט;
גבירים, מיט'ן שווערן טראט,
וואס נאר געלט איז זייער גאט
האבן פון די ארבעטער
פון דער הויך געשפעט.

7

אפגעשפּעט און אפגעלאכט
און געענדיגט האָט די שלאַכט...
עולם האָט זיך אָפּגערוט.
און די זון געזועצט.
ס'איז דער פּאַרק געבליבן לעער.
מענטשן זעט מען דאָרט ניט מער.
יעדער גייט אַן אנדער וועג —
„סאַפּער טיים" איז יעצט.
גיי איך מיט און קוק אויף זיי —
כ'זע אַ קרענקליכע אַרמיי.
אָרים, רייך, אַלע גלייך,
ליידן נעבעך שווער.
פילע שלעפּן נאָך די פיס,
מערסטע ליידן „רומאַטיז",
דאָך די רייכע בלאָזן זיך —
ווי ניט אַבי ווער...

8

נאָכ'ן סאַפּער, איבעראַל,
אַ געלויף צו דער „טרונק זאַל"
„נומער איינס" איז זייער גוט
טרינקען פאַר'ן שלאָף.
שטייען הונדערטער אין „ליין"
זידלט מען זיך גאָר ניט פיין.
קריגן וואַסער דאָרט אַ גלאָז,
ממש גאָטס אַ שטראָף.

זאָגט זיך איינער דאָרט אַ וויץ:
אין דער איינגנשאַפט, אין דער היץ —
ס'איז די וואַסער גוט צום שלאָף —
נאָר ניט איין־אַליין...
און אַ צווייטער וואָר־ניט וואו,
דריקט אַ ווייבל צו זיך צו...
מאַכט זי זיך ניט ווייסנדיג —
מוז דאָך נעבעך שטיין.

9

שפּילט אין פּאַרק דאָרט די מוזיק,
קלאַסישע באַריממטע שטיק,
זיצן ווייבער מיט „פלעט פוס"
און זיי האָבן קיין גענוס;
באַסיע זאָגט, אַז איר בינע
שפּילט די „גרינע קוזינע"
און „אלי, אלי" גייט ניט אויס,
קיין מאָל פון איר הויז.
מישט אַ צווייטע זיך אַריין:
מיינע שפּילט אויף „פּאָרטעפּיאַן"
און זי זינגט פון „אָפּעראַס"
און — „אָ, פּראָמיס מי".
טענה'ט איינע מיט די הענט
און די קנאה אין איר ברענט:
מיינע שפּילט אויף „פּיאַנע פּלעי"
און זי זינגט — אַן מי...

10

חוץ האָטעלן, איז פֿאַראַן
„רומינג“ דאָרט אויף יעדן שפּאַן;
דרייסיג ווייבער באַ איין קיך —
קאָכן דאָרט פֿאַר זיך...
אויפ'ן אויוון טעפּ אַ סך: —
ווייבער שפּילן דאָרט אַ „שאַך“.
און דער אויוון — די „שאַך ברעט“ —
ווערן זיי צודרייט.
רוקט אַ אידענע איר טאָפּ
און אַ צווייטערס פּענדל אָפּ;
רוקט אַ דריטע צו צוריק
איר טעפּל מיט „פּעטשאַ“.
קומט אַ פירטע אין „עקסטאַז“,
מיט רציחה און מיט כּעס;
ווערט דאָרט אַ געוואַלד, געשלעג,
טראַך! טאַ־ראַ־ראַ־ראַ.

11

אַלע זיינען אָפּגעשוואַכט —
שפּילט מען קאָרטן טאָג און נאַכט.
קראַנקע נעבעך ליידנדע —
רוען זיי זיך אויס.
ווייל מען געבן אַ קאָנצערט,
ווערט די גאַנצע זאַך צושטערט —
וואָס האָט קונסט באַ זיי אַ ווערט?
ווייסן אַלץ פֿאָראויס.

אַ דאָלער איז באַ זיי אַ שפּיי,
אויף קאָרטן שפּיל, אויף נאַשעריי,
אַלע זיינען דאכט זיך רייך —
קיינער ליידט קיין נויט —
נאָר צו געבן וועם אַ טיפּ,
רייסט מען אויס פון זיך אַ ריפּ —
זוכט מען קוים אַ קוואָדער אויס
אין דעם „פּעטיקויט".

12

צען מאָל פּוצט מען זיך אַ טאָג —
זעען, זעט מען אויס — אַ קלאָג.
יאָרן לויפן אַלץ פאָראויס —
יצר הרע — טויט...
וויל מען זיך נאָך מאַכן גרינג
מיט די וויצן, וואָס מער „לינק".
פון די וויצן אַ קאָזאַק
קען אויך ווערן רויט.
אידיש קומט נאָר דאָרט צוניץ
אויף אַ לינקן פּעטן וויץ.
אָבער ענגליש רעדט מען דאָרט
צוליב גדלות בלויז.
האַקט מען ענגליש אויף אַ קול
אין דער „דיינינג רום", אין „האָל".
כאַטש די שפּראַך אַ קאַליקע
קומט פון זיי אַרויס.

13

אין דער צייט פון דעם סעזאָן
זיינען דאָרטן אויך פאַראַן:
קראַנקע מענטשן און מיט „ספּאָרטס",
מישן זיי זיך דאָרט...
איין וועלט איז געזונט און שטאַרק,
רויט דאָס פּנים, רויט דער קאַרק;
די וואָס זיינען אָפּגעשוואַכט,
דאַרפן דעם קור־אָרט;
קומען אָן די „רייסעס"־טעג —
אַלע קוקן אין איין וועג;
יעדנס בליק איז אויף דער שפּיל —
מיליאָנען זיינען פריי...
ס'קאָכט אַרום מיט פרייד און גליק,
ווייב און וויין — און טאַנץ, מוזיק —
גייט נאָר איינעם אויף צוריק —
איז שוין אַלץ פאַרביי.

14

אויף די „רייס־טרעקס", אינ'ם „ליין",
שטעלן קראַנקע אויך דאָרט איין,
ס'ציט א יעדן צו דער ספּאָרט,
מען וויל ווערן רייך.
קריגט מען צוטרוי צו אַ פערד,
שעצט מען איבער גאָר זיין ווערט;
אַז ס'איז אָבער ניט באַשערט —
לאָזט זיך אויס אַ טייך...

דאַכט זיך אָט, אָט, שוין באַם ציל,
גאָר ניט ווייט, אָט, אָט ניט פיל —
נאָך אַ שפּאַן און נאָך אַ טראָט
איז מען שוין באַם זיג...
גיט דאָס פערדל זיך אַ דריי,
פאַלט אַרונטער דער „זשאקעי“
טראַכט מען דעמאָלט אַז די „שפּיל“
איז דאָך גאָר באַטריג.

15

אין האָטעל אויף באַ דעם טיש,
איז פון קאָרטן אַ געמיש:
ווייבער זיינען שטאַרק פאַרטאָן
אין דער גרויסער „גיים“.
און די מענער: זשענטעלייט,
פאָרן ערגיץ אום גאַנץ ווייט...
מיט די ווייבלאַך אַלערליי —
ווייטער פון דער היים...
און צום סאַפּער אויף צוריק
קומען זיי מיט פרייד און גליק:
איך האָב וואַסער דיר געבראַכט,
טרינק זי, „מאַמאַ דיער“!
ווייבער זאָגן זיי אַ דאַנק,
און זיי טראַכטן באַם געטראַנק:
האָסט שוין אָפּגעטאָן דאָרט וואָס —
אַ כּפּרה „זי“ פאַר מיר.

16

אויף די „פּאַרטשעס“ אויסגעזעצט
זיצט מען און מען שפּעט, מען לץ'ט.
יעדער האַלט זיך באַ זיך גרויס —
יעדער מיט זיין „איך“.
ווייסע הויזן שטייף געפּרעסט,
און דער ראָק געפּאַרעמט פעסט
מיט די ווייסע שנירעל שיך —
און אויפ'ן קאָפּ אַ פּליך!
רעדט מען אַלץ פון „לאטס“ און „לאטס“,
וויצלען זיך ווי „לודוויג זאַץ“.
יעדער איז אַ חכם דאָרט —
ווער וועט זאָגן: ניין!
אַלע רעדן אָן אַ סוף
וועגן רייכקייט — אַלץ איין בלאָף —
קיינעם נאַרן זיי ניט אָפּ —
„בלאָפן“ זיך אַליין.

17

סאַראַטאָגאַ איז גאַנץ גוט
נאָר עס פעלט דאָרט „יונגע בלוט“.
קורצע קליידער, שיינע פיס
זעט מען זעלטן וואו.
מענער קוקן פאַר אַ מייל,
יעדער בליק איז ווי אַ פייל,
טרעפן זיי צודרייטע פיס,
דיקע אויך דערצו.

פעטע ווייבער אָן אַ שיעור,
יעדע איינע — קוים אַ ריר.
האַלטן מענער זיך דערפאַר
דאָרטן ניט צו־לאַנג...
פאָרט מען ערגעץ אין „לייק דזשאָרדזש"
דאַרט אַ קוק צו כאַפּן כאַטש —
פּראַכטן שוּנאים אוים אויף זיי
נאָר אַ מיאוסן קלאַנג.

18

אין האָטעל, ווי אַ געזעץ,
מוז איין באָרדער זיין אַ לץ —
אַ פלוידער־זאַק פון ערשטן ראַנג —
אַ מין „צונג און טאַנג".
ווייבער דאַרפן אָט דעם מין —
האַלט מען אים, וואָס זאָל מען טין?
ער קריגט אַלעס, האַלב אומזיסט,
ער איז דאָ אין גאַנג.
כאַטש ער איז פון „פוילן סאָרט",
לאַכט מען גלייך פון יעדן וואָרט:
חי־חי־חי חאַ־חאַ־חאַ!
הערט מען פאַר אַ בלאָק.
און דער „באָרדער", מעשה האָן,
טאַנצט אריין אין יעדן קאָן,
סוידעט זיך מיט אַלעמען —
פון האָטעל דער „באָק".

19

קומט אַ שרייבער צו באַזוך,
אַ פּראָפעסער פון אַ בוך,
אַ פּאָעט וואָס איז גאַנץ ווייט
פון דער האַנדל'ס וועלט;
האָט זיין לעבן יאָרן לאַנג,
אָפּגעגעבן דעם געדאַנק —
גאָטס גענאַד און גאָטס געשאַנק —
ס'פעלט אים אָבער געלט.
און ער ווענדט זיך צו אַ פּאָר
צו ערקלערן, מאַכן קלאָר
אַז ער וועט זיי זייער וועלט
מאַכן גייסטיג רייך;
קענען זיי נאָר ניט פאַרשטיין,
פאַרוואָס איז ער ניט רייך אליין —
אַז עס ברייננגט אייך ניט קיין געלט,
וואָס־זשע טויג עס אייך?

20

פאַלט אַ קינסטלער דאָרט אריין,
ליידט ער גייסטיג ווי און פּיין;
ווי אַ פויגל אין אַ שטייג
בלאָנזשעט ער אַרום;
ס'פעלט אים דאָרט זיין סביבה אוים.
ווילדער טומל, געלט־גערויש —
אַלע זעען באַ אים אוים
אומוויסנד און דום.

נעמט ער דאַן זיך צו דער פּען
גיט דאָס פּייער איהם אַ ברען —
אַ צופלאַקער דאָס געמיט
און ער שאַפט אַ „בילד“.
דאַמאָלט פילט ער אויף־דאָס־ניי
ווי אַ פויגל אויף דער פריי —
אָפּגערעדט האָט ער פון האַרץ,
ווערט ער צו זיי מילד.

21

ווען עס קומט נאָך „לעיבאָר־דעי“, —
אויס יריד און אויס געשריי,
אַלע געסט צופאָרן זיך,
דער האָטעל בלייבט לער.
דער פאַרוואַלטער, ווייי און אָך,
זוכט אין קעשענע דעם בראָך.
פון אַלע זייטן מאָנט מען געלט,
ווערט דאָס לעבן שווער ;
מיט דעם ווייב איז מען צוקריגט,
פון די אַרבעטער באַזיגט ;
פון די „מאָרטגעדזשירס“ מען קריגט
„נאָטיסעס“ גאָר פיל.
דאַכט זיך אָן אַ העמד אַרויס —
קויפט מען צו אַ נייע הויז...
סאַראַטאָגאַ ! ס’אַר’אַ טאָג —
אַי, אַ „רייסעס“ שפּיל.